משה גראַניטשטיין

# באַשעלע





1943

ב. איירעס

משה גראַניטשטיין

# באַשעלע

M. Granitstein
c/o Gorodisky
Corrientes 5515
B. Aires
Rep. Argentina

בוענאָס איירעס 1943

# ביכער פון משה גראַניטשטיין.

## פּאָעזיע.

שטאפּלען, לידער און געזאנגען.

## פּובליציסטיק.

פון תהום צו תחום, זכרונות און באטראכטונגען איבערן שטעטל.

## דערציילונגען און נאָוועלן.

וואָס האָט געוואָלט פרוי גאסטער?
פוןביידע זייטן בריק.
די אוואנטורעס פון חבר האמערל.
באָם וואָגזאל.
צוריק צום געטאָ. (א פייער־פּראָבע.)
מענטשן פון באגינען.
דער סאָלטערא.
דער בעטלער, דער ליץ, דער סאציאלער מענטש. (א קלינישע גע־שיכטע)
די גאנגרענע. (א געשיכטע פון ליבע און האס.)
נארא. (א געשיכטע פון ציניזם און גלויבן.)
באָלוואנעווקע. (ראָמאן, אין צוויי טיילן.)

## בילדער פון אָפּגייענדן שטעטל.

ערשטער באנד. — דאָס שטעטל רעדט.

## סאָציאָלאָגיע.

די מאסע און אירע דערלייזער. (ווערטן־איבערשאצונג.)
קורצע וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק.

# באַשעלע - אַ קיעלע

איינמאָל, זאָגט באַשעלע דער מאַמען:

— ווייסט, מאַמע? איך וויל זיין אַ קיעלע.

— וואָס עפּעס, פּלוצים?

— אַזוי.

לאַכט די מאַמע און זאָגט:

— גוט.

באַשעלע, לאָזט זיך אַראָפּ אַף דער ערד; זי קריכט אום אַף אַלע פיר און מוקעט...

...קיינעם טשעפּעט זי נישט. ווּעמען אַרט עס? זאָל זיך דאָס קינד שפּילן!...

שפּעטער, וויל באַשעלע עסן. זי איז שוין מיד; און טאַקע גוט הונגעריק.

זי קריכט צו צו דער מאַמען, שאָקלט מיטן קאָפּ און מאַכט:

— מו, מו...

קוקט זיך אום די מאַמע און זאָגט:

— גיי, ווייס, אַ קיעלע מוקעט... ווער פאַרשטייט עס גאָר?!

זעט באַשעלע — עס איז נישט גוט; מע גיט נישט קיין עסן, — בלאָזט זי אָן די ליפּן, און זאָגט שוין ווי אַ מענטש:

— פּע, קיעלע...

און זי ווערט צוריק אַ מיידעלע.

באַלד, זיצט זי שוין באַם טיש, און זי עסט — אַף ביידע באַקן...

ווי גוט עס איז, זיין אַ מיידעלע באַ דער מאַמען!



# שעפּסעלע - דאָס אינגעלע, און שעפּסעלע - דאָס ציגעלע...

אַז שעפּסעלע איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד, פלעגט אים די מאַמע שטענדיק פאַרוויגן, זינגענדיק אַ לידל:

אונטער שעפּסעלעס וויגעלע
שטייט אַ גאָלדן ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
פאַרן קינדעלע — ראָזינקעס מיט מאַנדלען...

שעפּסעלע אַליין האָט דאָס ציגעלע קיינמאָל נישט געזען.

איינמאָל אינדערפרי. האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איז ער באַלד אַרונטערגעקראָכן אונטערן וויגל; געקוקט אין אַלע זייטן; אָבער ער האָט דאָרט גאָרנישט געפונען.

די מאַמע האָט באַרויקט דאָס קינד. זי האָט צו אים געזאָגט:

— ווייסט? דאָס ציגעלע איז אַוועק, צו ברענגען פאַר

דיר גוטע זאַכן. באַלד וועט עס צוריקקומען.

און טאַקע. שפּעטער, אַז שעפּסעלע האָט אויסגעטרונ־קען אַ וואַרעמע גלאָז מילך, — האָט אים די מאַמע געגיבן שיינע שפּילעכלעך, און ווייטער גערעדט צום קינד:

— דאָס האָט דאָס ציגעלע דיר געבראַכט צוטראָגן אַ מתנה (מאַטאָנע). איצט איז עס אַוועק ברענגען נאָך...



מיט דער צייט, איז דאָס אינגעלע אונטערגעוואַקסן. איצט האָט ער גענומען צושטיין צו דער מאַמען — זי זאָל אים שוין ווייזן אַמאָל יענץ גוטע ציגעלע, זיין פריינט, וואָס ברענגט אים אַזויפיל גוטע זאַכן.

די מאַמע האָט געזען, אַז מער פאַררעדן דעם קינד וועט זי נישט קאָנען; און זי האָט דאָס אַלץ איבערגעגיבן דעם טאַטן.

— אין וואָס־זשע גייט דאָ? — האָט דער טאַטע זיך־אָפּגערופן, מיט אַ שמייכל — נישט געזאָרגט. עס וועט שוין זיין רעכט...

און ער איז אַוועקגעגאַנגען, דער טאַטע, אַפן מאַרק. דאָרט, האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ באַקאָנטן קאָלאָניסט, און יענער האָט אים אָנגעבאָטן אַ שעפּסעלע, ווייל קיין צי־געלע האָט ער אַליין אויך נישט געהאַט.

דער טאַטע האָט זיך געקווינקלט, אַ ווילע, וואָס זאָל

ער טאָן? — נאָר, קיין אַנדער ברירה (ברײרע) איז נישט געווען...

האָט ער געקויפט דאָס שעפּסעלע. ער האָט עס געבראַכט אַהיים, דאָס איבערגעגיבן דעם קינד און צו אים גערעדט:

— ווייסט, קינדעלע; אָט האָסטו אַ שעפּסעלע — אַ שוועסטערל פונעם ציגעלע... עס הייסט אַזויווי דו, מיין אינגעלע... און דו זאָלסט עס טאַקע רופן — שעפּסעלע.

דאָס קינד האָט זיך זייער דערפריידט. ער איז געוואָרן מיטן שעפּסעלע הבר (כאַווער), און ער האָט עס שטאַרק ליב־באַקומען. ער האָט געטיילט דעם ביסן מיט דעם; פלעגט עס קאָרמענען פון האַנט. ער האָט עס געגלעט און גערעדט צו דעם — פון אינדערפרי, ביז אַף דער נאַכט...

דאָס שעפּסעלע האָט אַלצדינג אויסגעהערט; זיך געלאָזן גלעטן, וויפל דאָס אינגעלע האָט נאָר געוואָלט; און אַליין האָט עס געשוויגן. בלויז פון־צייט־צו־צייט, האָט עס געמאַכט:

— מע... מעעע...

ווי איינער רעדט:

— ...שיין אינגעלע... גוט אינגעלע... איך האָב דיך אַזוי ליב...

• • •

מיט דער צייט, איז שעפּסעלע דאָס קינד נאָך מער אונ־טערגעוואָקסן. מע האָט אים אַריינגעגיבן אין אַ קינדער־גאָרטן.

דאָרט, האָט די לערערקע אים באַקאַנט מיט אַסאַך אינ־געלעך און מיידעלעך: מיט באַשעלען, מיט לייבקען, מיט ביילען, יאָסעלען, און נאָך אַנדערע קינדערלעך. מע האָט זיך געשפּילט איניינעם, אַלע טאָג; געזונגען; און די מיידע־לעך האָבן געטאַנצט — עס איז געווען אַזוי פריילעך!

איינמאָל, אַף דער פּויזע; האָבן די קינדערלעך זיך צע־רעדט וועגן דעם באַקאַנטן ציגעלע, וואָס ברענגט פאַר זיי תמיד (טאָמער) אַלע גוטע זאַכן... נאָר

— ווער האָט עס דען געזען?

— איך נישט.

— איך, אויך נישט...

קיינס פון זיי קיינמאָל האָט עס נאָך נישט געזען!...

מאַכט שעפּסעלע:

— איר ווייסט? — איך האָב געזען... אַ שוועסטערל פו־נעם ציגעלע. באַ מיר אין־דער־היים איז עס דאָ. נאָר, עס הייסט — שעפּסעלע, ווי איך... אַזוי זאָגט דער טאַטע...

— טאַקע?! — האָבן אַלע קינדערלעך אויסגערופן, פאַר־וואונדערט — ברענג עס מאָרגן צופירן אַהער!

זיי האָבן באַ אים געבעטן; און דאָס קינד האָט צוגע־זאָגט.

שעפּסעלע איז אַהיימגעקומען און אַלצדינג דערציילט דער מאַמען.

— פאַרוואָס דען נישט, מיין זיס קינד? — האָט די מאַ־מע אים אַ גלעט־געטאָן, און דערוויַיל אים דערלאַנגט עפּעס צום עסן.

און דאָס אינגעלע איז אַרויסגעלאָפן אַפן הויף, איבער־צוגיבן זיין חבר׳ל (כאַווערל), דעם שעפּסעלע, די בשורה (בסורע).

• •

אַלע אַנדערע קינדערלעך זענען אויך געקומען צולויפן אַהיים, מיט דער בשורה. זיי זענען געווען אומגעדולדיק, דעם גאַנצן טאָג. געשלאָפן שלעכט, די נאַכט.

אַף מאָרגן, באַלד פאַרפרי, האָבן זיי דערוואַכט; גענו־מען צוויאָגן טאַטע־מאַמע, מ׳ע זאָל זיי אויסריכטן שנעלער —- אין קינדער־גאָרטן.

דאָרט, זענען געווען אַלע פאַרזאַמלט; אַף דער טיר גע־וואַרט; אויסגעקוקט...

ווען מע האָט דערזען דאָס שעפּסעלע פונווייטן אָנגיין, — (עס האָט עס געבראַכט די מאַמע, און באַלד אַוועק; עס געלאָזן מיטן קינד;) האָבן זיך אַלע אינגעלעך און מיידעלעך צו דעם אַ לאָז־געטאָן; עס געהאַלזט און געקושט; גאָרנישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דעם...

מע האָט עס אַריינגעפירט אין הויף.

באַשעלע — די ערשטע — האָט גענומען איר זעקעלע עסן, (באָרן, מיט וויינטרויבן, און אַ קיכל) און, פאַרן שנורל,

עס אָנגעהאָנגען דעם שעפּסעלע אַפן רוקן. אַלע אַנדערע קינ־
דערלעך האָבן באַשעלען נאָכגעטאָן.

באַלד, איז דאָס שטומע באַשעפעניש אינגאַנצן געווען
באַדעקט מיט גוטע זאַכן. די אינגעלעך און די מיידעלעך
האָבן זיך אויסגעשטעלט, אין אַ ראָד, אַרום דעם; זיי האָבן
זיך אָנגענומען פאַר די הענט, געדרייט און געזונגען:

אונטער שעפּסעלעס וויגעלע
שטייט אַ גאָלדן ציגעלע...
עס איז געפאָרן האַנדלען
ראָזינקעס מיט מאַנדלען...

און דאָס שעפּסעלע אינדערמיט, באַלאָדן מיט אַלדאָס
גוטס, האָט געמאַכט:

— מע... עעע... שיינע גוטע קינדערלעך... אַלע...

אין דעם, איז אָנגעקומען די לערערקע. זי האָט, נאָך פון
נעכטן, אַלצדינג געזען, אַלץ געהערט. זי האָט אַלץ געוואוסט,
וואָס דאָ גרייט זיך.

אַז די קינדער האָבן איר באַמערקט, זענען זיי געבליבן
שטיין, פאַרשעמט, און צעטומלט; מיטן שעפּסעלע אינמיטן
דרינען...

נאָר זי, די לערערקע, האָט זיך צעלאַכט און אויסגערופן:

— הייסט עס, קינדער: האָבן מיר שוין איצט צוויי שעפּ־
סעלעך — שעפּסעלע, דאָס אינגעלע; און שעפּסעלע, דאָס צי־
געלע...

און אַלע קינדערלעך האָבן מיטגעלאַכט.

# באַשעלע - די מאַמע

אַז באַשעלע איז געווען גאָר אַ קליינינקע, האָט זי גע־
האַט אַ פּופּע און מיט איר זיך געשפּילט שטענדיק. באַשע־
לע איז געווען די מאַמע; די פּופּע — איר קינד. מע האָט איר
גערופן — פאַניטשקע.

נעמט באַשעלע און מאַכט אויסשטרעקן בײַ דער פּופּע
די הענטעלעך — אַקוראַט ווי יענע וויל עפּעס... איצט, רעדט
די מאַמע צו איר קינד:

— זאָג, פאַניטשקע, ווילסט עפּעס? אַ מאַטע ווילסטו?
פע, פאַניטשקע! אַ מאַטע איז פאַר דיר נישט גוט. אַ מאַטע
איז ביטער... נאַ, ווייסטו — וואָס? נעם אַ באַרעלע. עס,
וועסטו אויסוואַקסן אַ שיינע געזונטע מויד!

באַשעלע לייגט אַריין דער פּופּע אין די הענטעלעך אַ
באַרעלע, און זי וואַרט.

אָבער פאַניטשקע עסט נישט. זי איז ברוגז (ברויגעז).
זי וויל נאָר אַ מאַטע... זי שווייגט אָבער, פאַניטשקע; זי זאָגט
גאָרנישט, ווייל — מע טאָר נישט רעדן דער מאַמען אַנט־
קעגן.

• •

מיט דער צייט, איז באַשעלע אונטערגעוואַקסן. זי האָט שטענדיק גערעדט, געלאַכט, געטאַנצט, געזונגען. נאָר די פּופּע איז געליגן, אָדער געזעסן — אויב באַשעלע האָט איר אָוועקגעזעצט — און מער גאָרנישט. מע זאָל עס הערן פון איר אַ פּיפּס!

האָט זיך איינמאָל באַשעלע צו איר צוגעכאַפּט, איר אויסגעטאָן די קליידעלעך.

וואָס זעט זי?! — ווידעראַמאָל שמאַטקעלעך... נאָר אַז באַשעלע האָט די שמאַטקעלעך גוט אַרומגעטאַפּט, אַ טרייסל־געטאָן, — האָט זיך גענומען שיטן עפּעס פון אינעווייניק, פון אַ הענטל, פון אַ פיסל, אַזויווי זאַמד... אַלץ האָט זיך אויסגעשאָטן, ווי אויסגערונען; און בײַ באַשעלען אין האַנט איז פאַרבליבן — אַ שמאַטקע, און פּאַניטשקעס קעפּל...

זי האָט עפּעס געקלערט, באַשעלע?... זי האָט זיך גע־קליבן צו וויינען, אַ פאַרקלעמטע, כימעט (קימאַט) אַ דער־שראָקענע...

— פּאַניטשקע איז געשטאָרבן... נישטאָ מער...



באַשעלע האָט דערנאָך געבענקט, אָבער נישט נאָך פּאַ־ניטשקען. אָן איר האָט זי אינגאַנצן פאַרגעסן... זי האָט זיך געוואָלט שפּילן, און נישט געהאַט מיט וועמען, מיט וואָס.

דאָרט אינעם הויף איז אומגעגאַן אַ הון, און לעבן איר — אַ הינדעלע. די הון איז געווען די מאַמע, און דאָס הינ־דעלע — איר קינד.

זעט באַשעלע, ווי די הון גיט עפּעס אַ פּיק, און זי מאַכט:

— קאַ־קאַ־קאַ!

אַזוי לויפט צו דאָס הינדעלע און גיט אויך אַ פּיק.

פאַרשטייט באַשעלע, אַז — די מאַמע גיט עסן דעם קינד, און דאָס קינד עסט טאַקע!

געפעלט עס באַשעלען זייער. זי וויל אויך צוגיין, פונדערנאָענט. אָבער זי האָט עפּעס מורא (מוירע) פאַר דער הון. עס דוכט זיך איר אויס, באַשעלען, אַז ווען די הון מאַכט:

— קאַ־קאַ, — זאָגט זי אַזוי: — מ יי ן קינדעלע, און מער קיינעמס נישט!

נאָר, צי וויל עס דען באַשעלע צונעמען?! פאַרקערט, זי האָט עס אַזוי ליב! זי וויל עס נאָר אַ גלעט־טאָן איבערן קעפּעלע, איבערן בייכעלע... און דאָס קינדעלע וועט מאַכן:

— פּי־פּי־פּי...

באַשעלען גייט אויס דאָס האַרץ. זי וועט לויפן ברענגען עסן פאַר דער הון און דעם הינדעלע איניינעם; איר ווייזן, דער מאַמען, אַז זי מיינט גאָרנישט.

און טאַקע — ווי נאָר זי איז אַרויסגעקומען פון שטוב, מיט פולע זשמעניעס ברעקלעך, האָט זי אַ רוף געטאָן:

— ציפּ־ציפּ...

— קאַ־קאַ... פּי־פּי... — אַזוי האָבן זיך גלייך ביידע אָפּגערופן, די הון און דאָס הינדעלע; געלאָפן איר אַנטקעגן, וואו זי האָט געשאָטן די ברעקלעך; געפּיקט, געגעסן, און זיך גאָרנישט געשראָקן פאַר איר.

— קאַ־קאַ... פּי־פּי... — אַ גוט מיידעלע, באַשעלע...

— ציפ־ציפ... — מאכט באשעלע.

זי נעמט דאָס הינדעלע אַף דער האַנט. זי גלעט עס לייכט... קוים באַרירט די ווייסינקע און געלינקע וואַרעמע פעדערלעך... און דאָס הינדעלע פּיקט פריילעך באַ אין פון האַנט...

באשעלע — די מאַמע.



# באַשעלע, די מאָלערן

אַז באַשעלע האָט פאַרענדיקט דעם קינדער־גאָרטן, איז זי פון דאָרט אַריבער אין שול.

דער לערער האָט איר געגיבן אַ ביכל צום לייענען; הייסט עס — „פאַר אידישע קינדער״.

אין ביכל זענען דאָ אַסאַך בילדער. זיי זענען געצייכנט בלויז באַ די זייטן, מיט ליניעס; און אינדערמיט — ליידיק.

האָט באַשעלע געבעטן באַ דער מאַמען, און זי האָט איר געקויפט אַ קעסטעלע מיט פאַרב.

אַלע טאָג, נאָך די לעקציעס, עפנט זי דאָס ביכל און נעמט אויספילן די בילדלעך מיט פאַרשיידענע קאָלירן.

אָבער זי מאַכט עס זייער מאָדנע. עס קומען אַרויס באַ איר: שוואַרצע עפל, רויטע קעץ, בלויע אינגעלעך. און באַ דער באָבען, איז איין באַק — אַ רויטע, און די צווייטע — געל.

לעבן אַ אינגעלעס בעטעלע דאַרף שטיין אַ פלעשל מילך.

אָבער באַשעלע מאַכט אַזוי, אַז — עס שטייט גאָר אַ פלעשל
מיט רויטן ווייַן.
אונ באַ איינער אַ זשאַבע, רינט בלוט פון דער נאָז.
ווער עס זעט די בילדלעך, דערשרעקט זיך.
אָבער באַשעלע לאַכט.



# אַ רחמנות (ראַכמאָנעס)

באַשעלע האָט אַ הינטל און שפּילט זיך מיט דעם כסדר (קעסיידער).

דאַרף זיך מאַכן, מיטאַמאָל — און דאָס הינטל האָט אַ־סאַך הינטעלעך.

אַ גאַנצן טאָג, קוויטשען זיי, זיי מאַכן אָן אַ טומל.

באַשעלען אַליין געפעלט עס גראַדע. אָבער וואָס טוט מען מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען? — זיי ביידע האַלטן אין איין שרייען, אַז — פונעם קוויטשעריי דרייט זיך זיי דער קאָפּ!

איז נאָך דאָס געווען ווינציק. נעמט זיך, הייגט, דאָס הינטל; פרעגט נישט באַשעלען, זאָגט נישט אַ וואָרט; אַליין גייט זיך עם אַוועק אין ערגעץ, די הינטעלעך געלאָזן אַף הפקר (העפקער). און די קליינע — עס פעלט זיי אוים די מאַמע — האָבן גענומען אַזוי וואָיען, אַז דער טאַטע כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ:

— ניין. איך וועל פון קיין הינט נישט ליידן בײַ מיר אין שטוב! שוין היינט טראָג איך זיי אַוועק...

באַשעלע זעט — ס׳איז שלעכט. לויפט זי ברענגען דער מאַמען. זי זוכט איר אומעטום.

שפּעטער. קערט זיך אום באַשעלע פון גאַס, מיטן הינטל בײַ דער זייט. זי גייט אַן עפן די טיר — אין שטוב איז שטיל. די הינטעלעך -- נישטאָ שוין...

דאָס הינטל אַליין, די מאַמע, דערשפּירט שוין עפּעס. זי הויבט אָן שטאַרק צו בילן.

באַשעלע נעמט אַרום דער אומגליקלעכער מאַמען, טו־ליעט איר צו זיך. זי וויינט, מיט איר אינײַנעם.

עס איז אַזאַ ביטער רחמנות אַף עלנטע באַשעפענישן!



# אַ חתונה (כּאַסענע) פאַר גרויס און קליין

אין שטוב איז אַן איבערקערעניש. — וואָס איז? — באַ־
שעלעס שוועסטער־קינד, העניע, גרייט זיך חתונה־האָבן.
די מאַמע גייט אַלעמאָל אַוועק אין מאַרק אַריין, און זי
קערט זיך אום אַהיים מיט גאַנצע בערג זאַכן: טעלער, טעפּ־
לעך, קליינע און גרויסע, צום קאָכן און צום באַקן.
באַשעלען האָט מען שוין אָפּגעבראַכט פון דער נייטאָרן
דאָס נייע קליידל, און זי האָט עס אָנגעטאָן גלייך אַפן אָרט.
גייט זי אום איבער דער שטוב און בלאָזט זיך, ווי אַ אינדי־
טשקע. מע טאָר איר קיין וואָרט נישט זאָגן; ווייל, טאָמער
עפּעס — דראָעט זי — וועלן ביידע, זי מיטן קעצל, צוויי
גרויסע מחותנים (מעכוטאָנים), אינגאַנצן נישט קומען אַף
דער חתונה! — איז, ווי־זשע קאָן זיין די חתונה אָן זיי?!
בעט זיך טאַקע באַ איר די מאַמע — אַבי עס זאָל זיין
שטיל:

— באַשעלע! באַשינקע מיינע, מיר זאָל זיין פאַר דיר!

— וועסט עסן אַ פּופּיקל? קום אַהער, קינדעלע, נאַ, נעם אַ שטיקעלע זיסן טאָרט...

אָבער באַשעלע זאָגט דער מאַמען, מיטן הארבן וואָרט, אַז — אָן דעם קעצל, איר בעסטער חבר׳טע (כאַווערטע), גייט עס נישט...

— ...אַ יאָ, קיציע?

— מיאָו... — ענטפערט דאָס קעצל; ווי איינער זאָגט:

— אַ וודאי (אַוואַדע), ווי דען אַנדערש?!

און מע מוז זיי ביידן גיבן גלייכע חלקים (כאַלאָקים).

דערזעט דאָס קעצל אַזאַ זאַך, — פאַרלירט עס גלייך די בושה (בושע), און עס נעמט שוין קריכן אַפן קאָפּ. דאָ, גיט עס אַ שפּרונג און צעברעכט אַ גלאָז. אַ צווייט מאָל, שאַרט עס זיך אונטער צו דער באַנק אין קיך און פאַרוואַרפט אַ פּיסל אַף אַ פּישעלע...

די מאַמע כאַפּט זיך באַצייטנס און דערלאַנגט דעם קעצל אַ גוטע גאָב. לויפט עס שוין צו באַשעלען, מיט אַ געוויין:

— מיאָו... מע שלאָגט מיך... עס טוט וויי...

גלעט באַשעלע דאָס אָרעמע באַשעפעניש; אַליין באַ-דויערט זי:

— עך, קיציע... אַ שלעכטע וועלט...

און זי לאָזט זיך צו דער מאַמען, אויספירן די ספּראַווע פון איר חברטע.

דער מאַמען איז אַזוי אויך דער קאָפּ פאַרדרייט. זי הערט אַפילו נישט רעכט, וואָס דאָס קינד וויל פון איר. איינס זעט

זי איין, אַז — זי דערקוטשעט איר, און מיט אַ פּעטשל טרייבט זי איר אַוועק פון זיך.

דאָס טראָגט שוין אונטער באַשעלען; נישט אַזוי דער ווייטיק, ווי זי שעמט זיך פאַרן קעצל. און זי לויפט, מיט אַ געוויין, פאַר'מסר'ן (פאַרמאַסערן) דער מאַמען פאַר טאַטן.

נאָר דער טאַטע נעמט איר צו זיך אַף די קני; אַליין, אַן ערנסטער, ווי תמיד (טאָמעד).

— זאָג מיר, מיין קינד: וויפל פּעטשלעך האָט דיר די מאַמע געגיבן?

— צוויי... — קלאָגט אוים באַשעלע איר וויי.

— און ווען איך גיב דיר נאָך איינס — דערלאַנגט איר דער טאַטע אַ לייכטן גלעט איבערן בעקל — וויפל האָסטו אַצינד?

דער טאַטע קוקט איר אָן מיט זיינע גוטע אויפמערקזאַמע אויגן, און ער וואַרט.

אַפן בליק, ווערט דאָס קינד אויפגעלעבט. מע זעט, ווי אַלץ פאַרגעסט זי, וואָס עס האָט איר געבראַכט אַהער, צום טאַטנס שויס. באַלד פאַרקלערט זי זיך. זי בויגט די פינגער פון איר האַנט... זי באַרעכנט... זי ציילט...

— דריי... — פּלאַצט זי אוים, מיט אַ פרייד; אַז זי לויכט אינגאַנצן.

— און אַז דו קריגסט-צו פון מיר נאָך איין קליין זים פּעטשעלע... וויפל האָסטו אַצינד, קינדעלע?

— פיר, טאַטעלע...

* *

שוין אָפּגעוועזן די חתונה. אַף מאָרגן, באַקלערט באַשע־לע אַ זאַך:

— וואָס האַלט זי זיך גרויס, די מאַמע? אַז מע וויל, מאַך איך אַליין אַ חתונה!

— ווער מיט וועמען? — קיציע מיט דער פּופּע!

באַשעלע רופט צונויף אַלע קינדערלעך, אַסאַך אינגע־לעך און מיידעלעך, אין אַ ווייטן עק פונעם גרויסן הויף. אויבנאָן זעצט מען אַוועק דאָס קעצל מיט דער פּופּע...

— זיצט שטיל און רירט זיך נישט — לערנט באַשעלע חתן־כלה (כאָסן־קאַלע) האַלטן זיך פיין.

איין אינגעלע נעמט שפּילן אַף אַ קליין פידעלע, און ער זינגט זיך אונטער דערביי, ווייל — דאָס פידעלע אַליין שווייגט דאָך... אַלע איבעריקע קינדער העלפן מ י ט זינ־גען. די אינגעלעך מיט די מיידעלעך נעמען זיך אָן פאַר די הענט. מע טאַנצט אין אַ ראָד, און מע לאַכט זיך אָן — אַ וועלט!

ביז עס נעמט שוין ווערן שפּעט. צייט צו גיין אַהיים.

קומען אַלע קינדערלעך צו צו באַשעלען, דער מחותנת׳־טע (מעכוטענעסטע). די אינגעלעך ווינטשן זיך מיט איר, פאַר די הענט. אָבער די מיידעלעך צעקושן זיך מיט איר אין ביי־דע באַקן, פאַלן איר אַפן האַלז.

דערנאָך, שטייען שוין אַלע, פאַרויטלט, שנייצן זיך די נעזלעך אין די פאַרטוכלעך און רעדן צו באַשעלען... ווייי־נענדיק...

ב א ש ע ל ע

— דערלעבן נחת (נאָכעס) אין די קינדער... אין קיציע־לען... אין דער פּופּע...

און קיציע — אָן אָרעם באַשעפעניש — וואָס ווייסט עס?... דערהערט, מע זאָגט דעם נאָמען, — מאַכט עס:

— מיאָו!... הער אויף וויינען, באַשעלע... קיציע האָט דאָך דיך אַזוי ליב!...

אַ חתונה'קע פאַר גרוים און קליין.



# באַשעלע - אַ גערטנערן

אונזער באַקאַנט מיידעלע באַשעלע האָט ליב געהאַט צו עסן רעטעך אַסאַך.

זי איז נישט געווען קיין פרעסערקע, חלילה (כאָלילע) — אָ, ניין! נישט מער, אַז די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש דעם טעלער מיט רעטעך, דין־אָנגעריבן, אַזויווי לאַנגע לאָקשן, און איינגעטונקט אין בוימל, צי אין שמאַלץ, — האָט עס דעם קינד פאַרשמעקט. זי האָט גענומען אַביסעלע, גע־געסן, זיך־געשפּילט באַם־טיש־זיצנדיק און, אַליין גענומען נאָך אַ שטיקעלע... וואָס־זשע? זי איז דען שולדיק, אַז עס איז נישטאָ מער?

— וויאַזוי פאַרהאַלט מען דאָס קינד, אַז עס זאָל זיך נישט אָנעסן מיט אַזויפיל רעטעך? עס פאַרשלאָגט דאָך אי־ר דעם גאַנצן אַפּעטיט! זי וויל דערנאָך מער גאָרנישט פאַרזו־כן; נישט דאָס פלייש, נישט דעם זופּ, אפילו (אַפּילע) נישט דעם זיסן קאָמפּאָט!

די מאַמע האָט געפּרואווט דערלאַנגען צום טיש ווינצי־קער רעטעך. האָט דאָס קינד אויפגעגעסן, וואָס עס איז גע־ווען און געבעטן נ אָ ך — הויך, אַפן קול (קאָל)!

איז די מאַמע געפאַלן אַף אַ געדאַנק. זי האָט, אין איין טאָג, איינגאַנצן נישט אַהיימגעבראַכט פונעם מאַרק קיין רע־טעך; געזאָגט, אַז מע האָט נישט געקריגן צו קויפן.

נו, האָט איר מער נישט געפעלט! זי וואָלט געמעגט צו־קלערן עפּעס אַ אַנדער תירוץ (טיירעץ), אַף איינצונעמען דאָס קינד; ווייל — איר, באַשעלען, נאַרט מען נישט!

זי האָט אויסגערופן, אַז — זי ווערט אַליין אַ גערטנערן!
— נישט מער און נישט ווייניקער!

— איך בין שוין נישט קיין פּיצל קינד! — האָט זי גע־טענה׳ט (געטאַינעט), די זיבניאָריקע מויד — איך בין שוין אַ גרויסע, מאַמע... ווייס, ווי דער רעטעך וואַקסט!

די זאַך איז געוואָרן טשעקאַווע. דער טאַטע האָט איר אונטערגעהאַלטן; און די מאַמע האָט געמוזט נאָכגעבן.

— ווילסט? — האָט זי געזאָגט צום מאַן, מיט אַ געלעכ־טער — פאַרדריי זיך דו דיין קאָפּ! מיך לאָזט צורוביידע, דער טאַטע מיט דער טאָכטער!

און מע האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבעט. דער טאַטע האָט אויסגעמייסטרעוועט אַ שיין קעסטל; און באַשעלע האָט זיך געדרייט פאַר די פיס — אים צוגעהאָלפן. דאָס קעסטל האָט מען אַוועקגעשטעלט אין הויף; אָנגעגראָבן מיט אַ רידל ערד און זי אָנגעשאָטן אין קעסטל ביז צום ברעג; אין דער ערד האָט דער טאַטע געמאַכט טיפע גריבלעך, און באַשעלע האָט גענומען פון זיין האַנט די רעטעך־זריעה (זריע), אַריינ־געטאָן אין די גריבלעך און זיי פעסט פאַרמאַכט. עס הייסט, אַז די הויפּט־אַרבעט איז געווען אָפּגעטאָן.

— איצט בלייבט בלויז אָפּצוהיטן דעם גאָרטן — וואָרנט דער טאַטע, ערנסט — באַשפּריצן מיט וואַסער, צוויי מאָל אין טאָג. אַרויסשטעלן דאָס קעסטל אַף דער זון; און עס אַוועקנעמען, אַז די זון באַקט צו־שטאַרק... אין דיר, באַשע, איז געווענדט, אַז עס זאָל אויסוואַקסן גרויסער שיינער רע־טעך.

דאָס קינד האָט געשמייכלט שטאָלץ, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט:

— ...אַף מיר מאָגסטו זיך שוין פאַרלאָזן, טאַטע. עס וועט זיין רעכט!...

* *

אַזוי איז געווען. באַשעלע האָט געהיטן דאָס קעסטל, אַזויווי אַן אויג אין קאָפּ. געטאָן אַלץ, ווי דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט. געוואַכט איבער דעם, אַ גאַנצן טאָג. גע׳חלום׳ט (געכאָלעמט) מיטן קעסטל, באַנאַכט.

...עס איז אירם אַן אייגענע זאַך. איר אַרבעט. איר מי...

עס זענען געגאַנגען — טאָג נאָך טאָג. מע האָט נאָך גאָרנישט געזען, גאָרנישט געמערקט. קיין איין שפּראָצעלע אַפילו — דאָס מינדסטע געוויקסל! — טעג פון דערוואַרטונג און זאָרג זענען דאָס געווען פאַרן קינד, טעג פון צווייפל און וויי... זי האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן, אַז ער איז געקומען אַהיים; אים גרייט געווען צו באַפאַלן מיט פראַגן... נאָר דער טאַטע האָט אויסגעזען ערנסט... עס האָט איר אָפּגעהאַלטן.

איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן אין דער גאַנצער זאַך... די מאַמע האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון — זי האָט זיך אירע אייגענע זאַכן געטוּן!... אָ, אָן איר, באַשעלען, האָבן אַלע פאַרגעסן; איר איבערגעלאָזן, איינע אַליין, אַף דער גאַנצער וועלט!...

* *

אַז עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּראָצן, — האָט מען געמאָגט זעען דאָס קינד. אַ נייע הויט איז אַף איר אַרויף. ווי פריש-געבוירן איז געווען באַשעלע. פון איר אַליין, פון אירע אויגן, פון איר גאַנץ פנים (פּאָנעם) האָבן געשפּראָצט און געקוואָלן פרייד, גליק, שטראַלן, געלעכטער... צוזאַמען מיט איר האָבן זיך געמוזט שוין מיטפרייען טאַטע-מאַמע. אָ, איצט האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן זיך שוין נישט געקאָנט אויסדרייען מער.

און ווייטער — האָבן זיי געאַרבעט, מיט איר איניינעם, באַם אויסגראָבן דעם רעטעך פון קעסטל, אים אָרומוואַשן, אים אָפּשיילן; אים אָנגעריבן דין און איינגעטונקט אין אַסאַך בוימל, אַזש די ווייסע לאָקשן זענען געוואָרן אינגאַנצן געל.

אַז עס איז געקומען צו מיטאָג, האָט זיך באַשעלע — אָ, גאַנץ-פּלוצים — אַ ל יי ן אָפּגעזאָגט צו פאַרזוכן איר טייער-גוטן רעטעך.

— ס'טייטש, דו האָסט דאָך אַזויפיל געהאָרעוועט, קינד?! — האָבן די עלטערן געשטוינט.

— ניין... איר ביידע — מער... איר — די ערשטע... —
איז זי געבליבן איינגעשפּאַרט, ערנסט, שיר נישט צעוויינט.
האָבן איר די עלטערן נאָכגעגיבן. זיך גענומען פֿאַרן טע־
לער רעטעך, אַליין פֿאָסמאַקעוועט, אים געלויבט.
און באַשעלע האָט געקוקט צו זיי, אַ גערירטע, גע־
שמייכלט... פּאַר אַ ווייל, האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַף זיי
קוקנדיק, וויאַזוי... זיי ביידע, אירע טאַטע־מאַמע, זענען גאָר
קינדערלעך שיינע צוויי... גוטע, טייערע... — אָ, ס׳אַראַ שיי־
נע שפּיל!... — זי, די מאַמע, האָט זיי אַזוי ליב!... ווייל זיי
פֿאָלגן איר, די גוטינקע. זיי עסן אַסאַך — ווערן ביידע זיין
געזונט...



# באַשעלע ניט אַ לעקציע

זונטיק, זענען געקומען צוגיין געסט.

אַלע זענען געזעסן באַם טיש. מע האָט געגעסן, געטרונ־קען, גערעדט, געלאַכט, דערציילט אַסאַך זאַכן.

מיטאַמאָל, מאַכט דער טאַטע, אַז — זיין מישפּחה (מישפּאָכע) איז זייער גרויס.

הערן דאָס אויס די געסט, און רופן זיך אָפּ, אַז — זייער מישפּחה איז נאָך גרעסער.

ביז מע נעמט זיך קריגן, דער טאַטע און זיי. דאַן הויבן זיך אויף די געסט, אין כעס (קאַעס), און זיי גייען אַוועק.

*　　　*

— דאָס אַלץ האָט צוגעזען באַשעלע. האָט זי באַקלערט — מאַכן פון דעם אַ שפּיל.

אַפן אַנדערן טאָג, האָט זי צונויפגענומען אירע חברים (כאַווײרים) און זיי געלערנט, וואָס צו טאָן.

יאָסל ווערט דער טאַטע. זי אַליין, באַשע — די מאַמע. דאָס הינטל און דאָס קעצל זענען קינדער.

...עס איז מיטאָג-צייט. מע זיצט באַם טיש און מע עסט.

עס קומען אַריין מיטאַמאָל געסט, לייבקע מיט זיין שוועסטער.

זיי ווערן פאַרבעטן צום טיש:

— קומט מיטעסן...

מע רעדט, אַלע אינײנעם, אַזוי פריילעך. מע דערציילט אַסאַך זאַכן.

מיטאַמאָל, מאַכט יאָסל צו די געסט, אַז — זיין מישפּחה איז זייער גרויס.

הערן דאָס אויס די געסט, שמייכלען זיי און רופן זיך אָפּ, אַז — זייער מישפּחה איז נאָך גרעסער.

פאַרדריסט דאָס שוין יאָסלען. ער נעמט שרייען. פאַר־דריסט דאָס ווידער די געסט; ענטפערן זיי אים אָפּ. עס ווערט אַ קריגעריי, אַ טומל...

לויפט אַריין דער טאַטע און ער זאָגט, מיט פאַרוואורף:

— פע, באַשעלע. נישט שיין זיך צו קריגן...

אָבער גלייך דאַרויף, דערזעט ער שוין, וואָס דאָ איז... ער בלייבט שטיין, פאַרשעמט...



# פלעקן פון אַרבעט

באַשעלע האָט ליב געהאַט זיך צוקוקן צו אַלץ, וואָס זי זעט; וואָס אַנדערע טוען. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט. זי איז געווען אַ בעלנ׳טע (אַ באַלנטע) אַלץ צו פאַרשטיין.

אַז זי איז אָפּגעגאַנגען, אַ שטיק צייט, אין איר גראַד פון שול, האָט זי שוין געקאָנט גוט אומגיין מיט אַ בלייפעדל. זי האָט געשריבן אין איר העפט אַסאַך בוכשטאַבן. שפּעטער, האָט זי אָנגעהויבן צונויפשטעלן גאַנצע ווערטער.

דער לערער האָט געריימט איר פליים און זויבערקייט; ווי זי האָט געהאַלטן ריין די העפט און אַלע אַנדערע שול-זאַכן. טאַטע-מאַמע האָבן אין איר אָנגעקוואָלן.

איז אַוועק נאָך אַ שטיק צייט. באַשעלע האָט זיך גענומען אַרומקוקן אין שול, פאַרוואַרפן אַ בליק אין אַנדערע גראַדן. וואָס האָט זי געזען?

אומעטום זיצט מען און מע שרייבט מיט טינט. — מע שמירט זיך גאָרנישט אויס! זי, באַשע, האָט מורא (מוירע), אַז — זי אַליין וואָלט עס נישט געקאָנט...

— און טאָמער יאָ?!

זי האָט זיך פאַרקלערט, דאָס קינד... מע דאַרף פּרואוון...

נאָר זי איז נישט געגאַנגען אַליין. זי האָט אַ רעד געטאָן מיט אַנדערע קינדער פונעם גראַד: מיט ביילען, מיט לייבקען און מיט יאָסעלען. זי האָט זיי געלערנט, אַז מע דאַרף זיך נישט שרעקן.

— דער לערער איז נישט קיין שלעכטער. ער וועט אונז טאָן די טובה (טויווע).

מע איז צוגעגאַנגען צום לערער בעטן, אַלע פיר קינדער פאַראַמאָל. געדעדט פאַר אַלע האָט באַשעלע.

— לערער, מיר זענען שוין גרויסע. מיר ווילן שרייבן מיט טינט.

דער לערער האָט זיי געפּרואווט אָפּרעדן פון דעם; געזאָגט, אַז — עס איז נאָך דאָ צייט.

נאָר באַשעלע — איינמאָל זיך דערוועגט — און זי האָט שוין דעם לערער נישט צורו־געלאָזט. די איבעריקע קינדער האָבן איר אונטערגעהאַלטן.

איינמאָל אינדערפרי; אַלע קינדער זענען געווען אינעם גראַד. האָט דער לערער באַשטימט צו מאַכן די פּראָבע.

ער האָט גענומען באַשעלען, ביילען, לייבקען און יאָסעלען, זיי אַוועקגעזעצט אַף באַזונדערע צוויי בענק, וואו עס זענען געשטאַנען טינטערס מיט טינט, און לעבן זיי — הענטל־פענעס. אַף ספּעציעלע בלעטער האָט דער לערער אויפגעשריבן מיט אַ בלייפענדל אַ קאַליגראַפיע...

— און איר, קינדער, גייט דורך איבער דעם מיט טינט... אין עטלעכע מינוט אַרום, זענען באַ אַלע פיר קינדער

געווען איינגעפלעקט אין טינט די הענט, די פארטוכער און אפילו (אפילע) דאס פנים (פאנעם).

אלע איבעריקע קינדער אינעם גראד האבן גענומען לא־כן פון די פיר טינט־שרייבער... לייבקע,ביילע און יאסעלע זענען געווען פארשעמט.

דאס האט באשעלען אונטערגעטראגן. דאס קינד האט זיך, גאנץ פלוצים, ערשט דערמאנט א זאך פון דער היים...

...טאטעלע קומט פון דער ארבעט — אין א פאבריק, וואס מע מאכט דארט שאפעס און טישן. ער, איר טאטע, דארף זיי אפפוצן מיט פארב, די זאכן, אז זיי זאלן זיין ניי און גלאנצן. די הענט זענען בא אים תמיד (טאמעד) פאר־פארבט...

— אז מע קאן זיי גארנישט דערוואשן... — קלאגט זיך די מאמע.

נאר דער טאטע, אן ערנסטער; ער דערלאנגט א שמייכל; אזוי זאגט ער...

און באשעלע האט זיך געשטעלט; און אויסגעשטרעקט אירע הענט פארן לערער, פארן גאנצן קלאס — זיך אנגע־רופן:

...— עס איז גארנישט... דאס זענען פלעקן פון ארבעט. זיי פאסטן מיר...

קיינער אין קלאס האט נישט געלאכט מער.

# באַשעלע האָט ליבביילען

אינעם גראַד, וואו באַשעלע לערנט, זיצט זי תמיד (טאָ־מעד) אַף איין באַנק מיט איר חבר׳טע (כאַווערטע) ביילע.

מיט דער צייט, האָט זיך באַשעלע צוגעבונדן צו איר חבר׳טע און איר באַקומען שטאַרק ליב.

באַשעלע, די ניין־יאַריקע מויד, איז געווען עלטער פון ביילען מיט אַ יאָר, און זי האָט געגיבן אַכטונג אַף איר אינגערער חבר׳טע, פונקט ווי אַ גרויסער מענטש וואַכט איבער אַ קליין קינד. זי האָט זיך געשפילט מיט איר, אַף דער פויזע. געטיילט מיט איר דאָס עסן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אין שול. באַשעלע פלעגט אויך אָפט קומען אַהיים צו ביילען, געמאַכט מיט איר די לעקציעס, דערנאָך באַניים זיך גע־שפילט צוזאַמען, און שוין געבליבן באַ דער חבר׳טע ביז שפעט.

איינמאָל אינדערפרי, קומט באַשעלע צוגיין אין שול און טרעפט נישט ביילען.

זי האָט געמיינט, אין אָנהויב, אַז איר חבר׳טע האָט פאַרשפעטיקט און זי וועט נאָך אָנקומען. בעת (בעיים) דער ערשטער לעקציע, האָט זיך באַשעלע געמאַטערט. עס איז

איר געווען אומעטיק צו זיין אַליין; כאָטש דער גאַנצער גראַד איז געווען פול מיט קינדער, אינגלעך און מיידלעך, אַלע — אירע גוטע חברים און חבר'טעס, וועלכע האָבן איר ליב־גע־האַט. נאָר זי האָט געבענקט צו ביילען און געוואַרט אַף איר; און זי האָט כימעט (קימאַט) קיינעם נישט געזען אַרום, קיי־נעם נישט געהערט רעכט — אַפילו (אַפילע) נישט דעם לע־רער.

דערווייל, איז אַריבער די ערשטע פויזע; עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע לעקציע, און ביילע איז אַלץ נישט גע־קומען.

דאָ איז שוין באַשעלע געוואָרן אומרואיק... אַ וודאי (אַוואַדע), מיט איר חבר'טע, מיט בייליטשקען, געמוזט עפּעס טרעפן... טאָמער איז זי גאָר קראַנק געוואָרן, זיך פאַרקילט?... און זי, באַשע־נאַר, זיצט דאָ, אַזויווי אַ גולם (גוילעם), און טוט גאָרנישט!...

באַשעלע האָט שוין נישט געקאָנט איינזיצן רואיק אַף איר באַנק. עס האָט איר געהויבן פון אָרט; געטראָגן אַהין, צו דער חבר'טע... איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז — יענע ליגט דאָרט ערגעץ אַצינד, איינע אַליין; זי רופט איר, באַ־שעלען, צו זיך און זי וויינט...

אַף דעם קינד, דאָ אין שול, איז געווען אַ רחמנות (ראַכ־מאָנעס) צו קוקן. דער לערער, די קינדער — אַלע האָבן גע־וואוסט, וויאַזוי זי ליבט ביילען, זי קלערט איבער פון איר געזונט; און מע טאָר איר, באַשען, נישט טשעפּען אַצינד...

באַשעלע האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז — די לעצטע

לעקציע זאָל שוין זיין געענדיקט. ווי אַ ווינט, איז זי אַרויס פון שול, אַוועקגעלאָפן צו איר חבר'טע אַהיים.

זי איז אַריין אָן אַ אָטעם צוביילען אין שטוב... און ווי דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט: — איר געטראָפן אין בעט, מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ...

בּאַ באַשעלען זענען פאַרלאָפן די אויגן, פון טרערן. אָן ווערטער, האָט זי זיך אַ וואָרף־געטאָן צו איר חבר'טע, איר אַרומגענומען, איר געהאַלזט...

אַצינד איז איר שוין געווען גוט... ביידן געווען גוט.

*　*

דאַרף זיך מאַכן איינמאָל, אַז צווישן באַשעלען און ביי־לען זאָל דורכלויפן אַ שוואַרצע קאַץ; אַזביידע קינדער זאָלן זיך צעקריגן. וויאַזוי?

עס איז אויסגעפאַלן באַשעלעס געבורטסטאָג.

די מאַמע האָט איר אויפגענייט אַ ניי קליידל און גע־מאַכט אַ יום־טוב (יאָנטעוו), אַלציינס ווי אַלע יאָר.

אַפן אָוונט, זענען זיך צונויפגעקומען אַסאַך קינדער, אינגלעך און מיידלעך, באַשעלעס חברים און חבר'טעס פון שול. עס איז געקומען ביילע, לייבקע, יאָסעלע און נאָך אַנ־דערע, אַלע — אויסגעפּוצט, פיין.

מע האָט אויסגעזעצט די געסט אינעם עס־צימער, אַרום דעם גרויסן קיילעכדיקן טיש. אויבנאָן איז געזעסן באַשעלע, אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע. לעבן זיך האָט זי אַוועקגעזעצט

ביילען, איר נישט אָפּגעלאָזט פון אויג. און ווייטער זענען געזעסן אַלע איבעריקע קינדער. באַשעלע האָט צו זיי גע־שמייכלט, זיך איבערגערופן מיט ווערטער; געזען, אַז אַלע זאָלן זיין צעפרידן.

די מאַמע האָט גענומען דערלאַנגען צום טיש. צווערשט, דעם הייסן שאָקאָלאַד, אין ווייסע פּאָרצעלייענע טעפּעלעך, אַף שעלעכלעך — צום עסן און צובייסן מיט קיכלעך.

די קינדער האָבן געגעסן פיין, נישט געאיילט זיך, גאָר־נישט פאַרגאָסן אַפן טישטוך.

ביז די מאַמע האָט דערלאַנגט דעם איבעריקן כיבוד (קיבעד): מאַנים, און קאַלטע געטראַנקען, — האָבן די קינ־דער דערווייל אויסגעזונגען אַלע שול-לידער, וויפל זיי האָבן געקאָנט.

דערנאָך האָט מען זיך אויפגעהויבן פון די ערטער; דעם טיש אַוועקגערוקט אין אַ זייט; און אַלע קינדער האָבן ווי־דעראַמאָל געזונגען, געטאַנצט, געשפילט אין פאַנדן און זיך דערציילט מעשה׳לעך (מאַיסעלעך).

עס איז געווען אַזוי פריילעך, אַזוי גוט!

אָבער קיינס פון די קינדער האָט נישט געזען דאָס, וואָס עס האָט זיך גענומען וואַרפן באַשעלען אין די אויגן, באַלד פון אָנהויב אָוונט אָן: אַז — עפּעס איז איר ביילע היינט נישט ווי שטענדיק; און זי פאַרשאַפט איר ווײ... זי, באַשע, דערקענט נישט היינט איר חבר׳טע ביילען, און זי איז טאַ־קע אַף איר גוט אין כעס (קאַעס) אויף!

ביילע איז געווען אַ נאַר. אַ גאַנצן אָוונט, האָט זי זיך

געהאַלטן ברוגז (ברויגעז), פאַרוואָס באַשעלע פאַרברענגט נישט בלויז מיט איר אַליין, נאָר — מיט אַלע קינדער באַגלייך... ביילע נאַר האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז באַשעלע — ווי יעדעס גוט־אויפגעצויגן קינד — האָט דאָך נישט געדאַרפט אַנדערש טאָן, נאָר אָפּגיבן זיך מיט אַלע פאַרבעטענע קינדערלעך־געסט פאַראַמאָל!

נאָר גיי רעד מיט אַ נאַר! — איז זי געזעסן, דער גלאָמפּ, און זיך געבלאָזן. וויפל באַשעלע, די גוטע, האָט נישט גע־פּרואווט איר איינצונעמען מיט אַ גלעט, אַ שמייכל, — נאָר זי האָט זיך נישט געלאָזן. זי, די שלעכטע, אָ, האָט גאַנץ פּלו־צים גענומען לאַכן פון אייניקע מיידלעך, וויאַזוי זיי האָבן געטרונקען דעם שאָקאָלאַד און — געזשליאָקעט.

נאָר, באַלד האָט זי גענומען אָפּלאַכן פונעם גאַנצן יום־טוב; און זיך באַרימט, אַז — איר מאַמע מאַכט עס שענער...

באַשעלע זעט אַלץ צו. עס קרענקט איר שרעקלעך. אין איר וויינט דאָס האַרץ. דעם קינד ווערט טרויעריק — הלמאַי (האַלעמאַי) איר בעסטע חבר'טע זאָל זיך אויפפירן אַזוי שלעכט, אַזוי נאַריש!

עס קומט איר, באַשעלען, איצט אָפּן געדאַנק די לעק־ציע פון שול וועגן דעם וואָרעם, וואָס איז אַריין אין אַ גרויסן שיינעם עפּל און אים אינגאַנצן פאַרדאָרבן. דער לערער האָט דאַן געזעדט צו די קינדער, זיי זאָלן זיין שטענדיק גוט און וואויל; נישט צולאָזן — קיין שלעכטע געדאַנקען זאָלן זיי פאַר'מיאוס'ן (פאַרמיעסן)...

...— נישט אַנדערש, אַז אַ וואָרעם איז אַריין אין ביי־

לען, היינט באַדערנאַכט — קלערט באַשעלע — און איר פּאַר׳מיאום׳ט...

אָבער באַשעלע איז אַ קלוגע... איצט איז ביילע — איר גאַסט, און מע טאָר איר נישט אָנרירן... און ס׳אַנדערע — זי וועט דאָך נישט גיין, באַשע, אויפהויבן אַ קריגעריי אַפֿן יום־טוב!

...— אָבער מאָרגן, וועלן מיר שוין זען!...

* *

אַפֿן אַנדערן טאָג, אינדערפֿרי.

באַשעלע קומט צוגיין אין שול אַריין, אַ פֿרישע, אַ שמע־קעדיקע, ווי אַ בלימעלע. זי לויפֿט אַריין אין קלאַס, מיט אַ שיינענדיק פּנים (פּאָנעם), מיט אַ פֿרייד און געלעכטער... עס דאַכט זיך אויס די קינדער, אַז, מיט איר צוזאַמען, ערשט איצט, האָט די זון אַריינגעשמייכלט אין שול אַריין, געזאָגט אַלעמען:

— גוט מאָרגן!...

באַשעלע זעצט זיך אַף איר אָרט, ווי תּמיד, לעבן ביי־לען. אָבער זי רעדט נישט מיט איר.

די קינדער רינגלען אַרום באַשעלען, מע שפּאַסט און מע לאַכט; ביז עס קומט אַריין דער לערער, און עס הויבט זיך אָן די לעקציע.

נאָר, אָט קלינגט שוין דער גלאָק; רופֿט די קינדער אַרויס אין הויף אַריין, אַף דער פּויזע.

אַלע שפּרינגען אויף פון די ערטער. זיי רינגלען ווידעראַמאָל אַרום באַשעלען; מיט איר איניינעם, אין טומל און געפּילדער, לאָזט מען זיך גיין צום הויף, זיך שפּילן.

ביילען האָט קיינער נישט באַמערקט. זי בלייבט אַליין זיצן אין קלאַס...

זי דערפילט זיך אַזוי געפאַלן, עלנט, פאַרלאָזן פון אַלע... אָ, איצט זעט זי שוין איין, ווי אומגערעכט זי אַליין איז קעגן באַשעלען! ווי שלעכט און נאַריש זי האָט זיך אויפגעפירט, נעכטן באַנאַכט, בא איר אין שטוב, אפן יום־טוב!... און באַשעלע, די גוטע און געטרייע, האָט אַלצדינג צוגעזען, אַזויפיל געליטן אין דער שטיל, און איר אָפּגעשוויגן...

ביילען נעמען שטיקן טרערן. זי לייגט אַנידער דאָס פּנים אַף דער האַנט און צעכליפּעט זיך...

מיטיינמאָל דערשפּירט זי, וויאַזוי אַ ווייכע צאַרטע האַנט באַרירט איר קאָפּ... גייט אום, אַזוי שטיל און וואַרעם, איבער די האָר, איבער אירע פּלייצעס... גלעט איר, נעמט איין...

זי הויבט אויף דאָס פאַרטרערטע פּנים: — באַשעלע...

ביידע קינדער האָבן זיך ארומגענומען און, אָן ווערטער, געוויינט...

אָ, איצט וועט שויןביילע זיין אַ גוטע!



# אַ פֿויגל וויל פֿליִען, נאָר ער קען נישט

איינמאָל אינדעפרי, זענען די קינדער געקומען צוגיין אין שול.

דער לערער איז נאָך נישט געווען, און זיי האָבן זיך אומגעדרייט איבערן הויף, זיך־געשפּילט, אַרומגעלאָפן.

מיטאַמאָל דערזעט באַשעלע, וויאַזוי אַף אַ לייטער, וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט פון שול, אינעם הינטער־שטן הויף — דאָרט וואו דער וועכטער וואוינט, מיט זיין ווייב און קינד — זיצט אַף אַן אויבערשטן שטאַפּל אַ ברוין הינדל און עס פּישטשעט עפּעס אַזוי מאָדנע... אַז מע הערט זיך גוט צו, איז עס גאָר ג ע וו אָ ר ק ע ט , אַקוראַט ווי אַ טויב...

באַשעלע רעדט נישט קיין וואָרט. זי זאָגט נישט קיי־נעם גאָרנישט פון די קינדער. זי קומט צו אַליין גאָר פון דער נאָענט, קוקט זיך גוט איין אינעם הינדל, און איר וואונדער וועגן דעם ווערט נאָך גרעסער. ערשט, ווייזט זיך איר טאַקע אויס, אַז דאָס איז גאָר אינגאַנצן קיין הינדל נישט, נאָר עפּעס גאָר אַזוי־ווי אַ טייבעלע זאָל עס זיין: אַזוי — דאָס קעפּל, די פיסלעך, דער גאַנצער שיינער שטעל... אַ קלייִנע ברוינע טויב... נאָר די פליגל באַ איר זענען אַזוי קורץ און שיטער,

ווי באַ א יונג הינדל אַלציינס; און זי, די טויב, דער פויגל, קאָן מיט זיי גאָרנישט טאָן.

דאָס מאָדנע באַשעפעניש, דאָרט אַפן שטאַפּל פון לייטער, האָט זיך געראַנגלט און געוואָרקעט, אַזוי ווי געבעטן נאָך הילף. עס האָט געפּאַטשט, אָבער שוואַך באַוועגט מיט די פליגל. געוואָלט דערלאַנגען העכער, מיט אַ שטאַפּל אַרויף, זיך אויפהויבן, אָ, צו דער הויך. נאָר עס האָט נישט געקאָנט אַליין גאָרנישט מאַכן...

זי איז שוין געווען, קענטיק, גוט פאַרמאַטערט, די הינדל־טויב. זי איז איצט געשטאַנען אַף דעם זעקסטן שטאַפּל פונעם לייטער. פון דער ערד ביז אַהערצו — האָט זי געהאַט דורכצומאַכן, אַ וודאי (אַוואַדע), אָ, אַ לאַנגן שווערן וועג. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג אַצינד. נאָר ווער ווייסט, פון ווי לאַנג — געווים, פון באַגינען אָן, אַז זי שטייט דאָ און מאַטערט זיך, עלנט און אַליין; אַז זי האָט זיך שוין אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות (קויכעס), און זי קאָן שוין נישט מער...

און דאָס הינדל־טייבל פאַראַמאָל האָט זיך אַזוי צעוואָרקעט, אַז עס האָט אָנגענומען באַם האַרצן, קוקנדיק אַף דעם... באַשעלען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער פויגל וויינט איצט, הויך אַפן קול (קאָל): — וואו איז זיין מאַמע? פאַרוואָס האָט זי אים געלאָזן, איינעם־אַליין?! — און ער וויל אַהיים!...

באַשעלע איז צוגעקומען גאָר נאָענט און אויסגעשטרעקט אַ האַנט. זי האָט געגלעט דעם פויגל אַזוי צאַרט, אַזוי וואַרעם; און ער איז אַריבער צו איר אַף אַ פינגער.

זי איז אַריין מיט אים אין קלאַס.

אַלע קינדער זענען געווען אויסגעזעצט אַף די ערטער. דער לערער האָט שוין געזאָלט אָנהויבן די לעקציע. אַז מע האָט איר דערזען, מיט דעם באַשעפעניש אַף דער האַנט, — האָט מען איר אָנגעקוקט, פאַרוואונדערט און איבערגעראַשט -- אַלע.

באַשעלע איז געבליבן שטיין לעבן לערער. ער האָט גע־מאַכט אַ צייכן צו די קינדער, עס זאָל זיין שטיל. דאָס קינד האָט אים איבערגעגיבן אַלץ, וואָס זי האָט געוואוסט וועגן איר מציאה (מעציע).

דער לערער האָט צוגענומען פון איר האַנט דעם פויגל. איר אַליין געהייסן גיין אַף איר אָרט. ער האָט אַוועקגע־שטעלט דעם פויגל אַף אַ ליידיקער באַנק פונפאָרנט — אַז אַלע קינדער, פון זייערע ערטער, זאָלן אים גוט קאָנען אָנ־קוקן. ער האָט אָנגעשאָטן פאַר אים ברעקלעך; און דער פויגל האָט גלייך גענומען פיקן... איצט האָט ער זיך אָנגעבויגן אי־בערן באַשעפעניש; עס באַטראַכט, ערנסט, אויפמערקזאַם...

— קינדער, איר ווייסט, וואָס דאָס איז?

— אַ הינדל...

— אַ טייבעלע...

— נישט דאָס און נישט יענץ...

— מיר ווייסן נישט...

אַ טומל, אַ געפילדער.

— שאַט, קינדער; ווייסט איר גאָר — וואָס? לאָמיר

פרעגן באַם וועכטער פון שול. ער האָדעוועט הינדעלעך, זינט תמיד (טאָמעד). ע ר מוז וויסן.

וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט? — זייער טשיקאַווע.

...דעם וועכטערס אַ קוואָקע האָט, מיט עטלעכע וואָכן צוריק, אויסגעזעסן הינדעלעך אַסאַך. פון די אייער האָבן זיי זיך אויסגעפּיקט און געפּישטשעט. זי האָט זיי געוואַרעמט, אַלע איניינעם, און געהאָדעוועט.

אַז זיי האָבן גענומען אונטערוואַקסן, די הינדעלעך, — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינס פון זיי פּישטשעט נישט; נאָר — עס נעמט וואָרקען, מיט אַ גראָב קול, אַזויווי אַ טויבעלע... זאָל דער וועכטער האָבן געמאַכט אַ טעות (טאָעס) און אונטערגעלייגט צווישן די אייער אַן אייעלע פון אַ טויב?!

קאָן זיין. נאָר די קוואָקע־די־מאַמע האָט גענומען יאָגן פון זיך דאָס פרעמדע משונה'דיקע (מעשונעדיקע) קינד. זי האָט עס געפּיקט אָן רחמנות (ראַכמאָנעס), געריסן פון דעם לעבעדיקע שטיקער. יענץ, דאָס אומגליקלעכע טייבעלע, האָט געוואָרקעט־געוויינט־געקלאָגט. און זי, די הון, האָט עס אַלץ געטריבן פון זיך. זי האָט עס פאַריאָגט...

פון דאַמאָלס אָן, דרייט זיך אום דאָס מאָדנע באַשעפעניש, איינע אַליין, איבערן הויף. עס האָט נישט קיין מאַמע, קיין היים; קיין ברידערלעך און שוועסטערלעך, מיט וועמען צו שפּילן זיך. עס ווייסט נישט, וואוהין צו גיין. עס האָט נישט קיינעם — אַף דער גאַנצער וועלט! עס ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. עס פּרוּווט פליען, נאָר עס קען נישט. גייט עס אום און וויינט...

די הינדל־טויב, דאָרט אָף דער באַנק, האָט דערווייל אויפגעפּיקט אַלע ברעקלעך. זי האָט גענומען טוישן די פּיס־לעך, זיך צעוואָרקעט־צערעדט:

— ליבע, גוטע קינדערלעך... איך בין אַ פויגל; איך וויל פליען, נאָר איך קאָן נישט... גיט־זשע מיר כאָטש ברעקעלעך צו־דער־זעט...



# באַשעלע - אַ לערערקע

דער לערער האָט איינמאָל פאַרפירט אַ שמועס אין קלאַס מיט די קינדער וועגן דעם, וואָס יעדער איינער פון זיי דענקט צו ווערן — ווען מע וועט זיין גרויסע מענטשן.

איטלעכס קינד האָט געענטפערט פאַרשיידן — ווי איינער האָט זיך פירגענומען.

אַז עס איז געקומען די רייע צו באַשעלען, האָט דאָס קינד זיך אויפגעשטעלט; געקוקט דעם לערער, אָפן און פריי, אין די אויגן און אויסגעזאָגט:

— איך, לערער, אַז איך וועל זיין אַ גרויסע, וועל איך ווערן אַ לערערקע... אַזויווי איר!

דער לערער האָט איר אָנגעקוקט, אַ פאַר'חידוש'טער (פאַרכידעשטער). עס האָט אים, קענטיק, הנאה־געטאָן (האַנאָע) באַשעלעס געדאַנק... אַנדערע קינדער האָבן געפּרואווט לאַכן...

— אַזוי געפעלט דיר די אַרבעט? — האָט ער געפרעגט בא איר, מיט אַ שמייכל.

— יאָ, לערער. עס איז זייער שיין און גוט צו לערנען קינ-

דער, מאַכן זיי פּאַר מענטשן... — האָט באַשעלע געענטפערט, אויך מיט אַ שמייכל.

דאָס קינד האָט גערעדט דאָס, וואָס זי האָט געהערט זאָגן אַנדערע: אירע טאַטע־מאַמע, באַקאַנטע. מיסתמא (מיס־טאָמע), האָט זי די רייד פאַרשטאַנען.

— אויב אַזוי, באַשעלע — האָט דער לערער נאָכגע־קלערט, געציילט די ווערטער, געוואָרן מיטיינמאָל ערנסט — ווע‌סטו דאַרפן לערנען אַסאַך... זיין אַ ביישפּיל פאַר די קינ־דער... ווי אַ לערער...

— איך וועל אַזוי טאָן... — האָט באַשעלע אַרויסגערעדט אין דער שטיל, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן, אַ פאַרקלער־טע... זי האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין; ווי זי וואָלט גע־שוואוירן...

*　　　*

פון דאַמאָלס אָן, איז זי געוואָרן גאָר אַ אַנדערע. זי, די גוטע און שטילע, איז געוואָרן נאָך פיינער, צוגעלאָזענער. זי האָט זיך געפלייסט אויפצושטיין פאַרפרי, זיין אין שול פון די ערשטע; דערפילן אירע פליכטן, און מערער נאָך.

די קינדער פונעם גראַד, אַלע — אירע חברים (כאַווער־רים) און חבר׳טעס, — זיי האָבן, אין אָנהויב, נישט געוואוסט, וויאַזוי זיך צו האַלטן מיט איר. זיי, די קינדער, זענען עפּעס געבליבן צעמישט לעבן דער נייער באַשעלען — דער לערער־קע... זי גייט אַזוי שטיל, געלאַסן, אַ פאַרקלערטע. זיי דער־קענען איר נישט באַלד!

נאָר באַשעלע די גוטע, זי האָט איינגענומען די קינדער, זיי איינגעשטילט, באַרואיקט. זי האָט באַניים געשמייכלט צו זיי, זיך געשפּילט און פאַרבראַכט... ביז וואַנען אַלע האָבן ווידער איר גענומען דערקאָנען — די טייערע געטרייע חבר'טע פון תמיד (טאָמעד); איר נאָכמער באַקומען ליב. זיך געפריידט מיט איר, ווי מיט אַ צוריקגעפונענער...

נאָר באַם נאָמען — לערערקע איז זי פאַרבליבן.

*　　　　*

דאַרף זיך מאַכן, איינמאָל אינדערפרי. אַלע קינדער זענען געווען אויפגעקליבן אינעם הויף פון דער שול. עס איז שוין געווען די צייט אָנצוהויבן לערנען. נאָר דער לערער איז נישט געקומען.

די קינדער זענען געוואָרן אומגעדולדיק, נערוועז. אַנדערע האָבן זיך שוין געוואָלט צעלויפן, איטלעכער — צו זיך אהיים.

מיטאַמאָל רופט זיך אָן איין קינד:

— שאַט. אָט איז דאָך דאָ באַשעלע — די לערערקע!...

איינמאָל אַרויסגערעדט — און אַלע קינדער זענען געבליבן פלוצים איבערגעראַשט פון דער אַנטדעקונג... ניין. עס איז נישט קיין שפּיל מער...

מע האָט געקוקט צום קינד, ווי מיט נייע אויגן אַצינד. פונקט ווי מע וואָלט איר דערזען ערשט — צום ערשטן מאָל...

זיי האָבן איר אַרומגערינגלט; און באַשעלע איז געבלי־בן אינדערמיט שטיין, פאַרשעמט און צעמישט.

נאָר זיי, די קינדער, זענען שוין פון איר נישט אָפּגע־שטאַנען; און זי איז געקומען צו זיך.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט. אַן ערנסטע. באַפוילן, אַלע זאָלן אַריין אין קלאַס, זיך אויסזעצן אַף די ערטער. עס זאָל זיין שטיל!

זי האָט זיך געשטעלט פונפאָרנט, פאַר די בענק. דער קליינער יאָסעלע האָט איר געפּרואווט אַרויסשטעלן אַ צונג — דער נייער לערערקע...

— אַזאַ אומפאַרשעמטער! — האָט ער געכאַפּט אַ הוק פון לייבקען, וואָס איז געזעסן באַ דער זייט; און ער האָט אָפּגעהאַקט.

— קינדער, וואָס וועלן מיר זינגען?

— דאָס אינגעלע פון וואַלד, באַשעלע...

— לערערקע...

זי האָט אויפגעהויבן אַ האַנט. אַן ערנסטע. אַ שטאַלטנע. זי האָט אָנגעהויבן דיריזשירן...

איינמאָל איז אַ אינגעלע
געגאַן אַליין אין וואַלד.
הערן הערט דאָס אינגעלע,
אַ פויגל שרייט געוואַלד...

די קינדער האָבן גענומען זינגען; פריער, נישט דרייסט.

נאָר באַלד האָבן זיך אַלע פאַרגעסן. צעוואַרעמט. מיטגעגאַן מיט דעם עלנטן קינד אין וואַלד...

— וואָס־זשע ווייגסטו, פייגעלע,
פייגעלע דו שיינס?
— עס איז באַ מיר געשטאָרבן
מיין קינדעלע מיין קליינס...

—אפשר (עפשער) ווילסטו, אינגעלע,
ווערן דו מיין קינד?
ערשט באַקומסטו פליגעלעך
און דו פליסט געשווינד...

האָט געזאָגט דאָס אינגעלע:
— יאָ, איך וויל, איך וויל...
ער האָט באַקומען פליגעלעך,
געזונגען און געשפּילט...

געענדיקט דאָס לידל, האָבן די קינדער געבעטן נאָך. זיי זענען געווען איצט אַזוי גוט, אַזוי שיין! זיך געהאַלטן ערנסט, פיין, אַזויווי דערצויגענע קינדער דאַרפן זיין.

און באַשעלע האָט זיי נישט געזשאַלעוועט. נאָך איין לידל. און נאָך...

ביז מע האָט אַלצדינג אויסגעזונגען, אַלע שול־לידער, און נישט געווען מער...

דאָ שטעלט זיך אויף יאַסעלע. ער קוקט זיך אַרום, אַביסל פאַרשעמט. נאָר ער הויבט אויף די האַנט, ער רופט אויס:

— לערערקע... אַ מעשה׳לע (מאַיסעלע)... דאָס אינגע־לע פון דער פאַרמאַכטער שול...

עס ווערט שטיל. אַלע קאָנען דאָס מעשה׳לע. עס איז אַזאַ טרויעריקס, אַזאַ... אָבער מע וויל דאָס הערן תמיד — נאָך איין מאָל. מע ווערט דאָס נישט מיד אויסצוהערן...

— אַמאָל איז געווען אַ אינגעלע...

און באַשעלע קוקט אַף די קינדער, אַזוי האַרציק, מיט אַזויפיל ליבע... אַלע קוקן צו איר צוריק, טרויעריק און גע־רירט. שיר נישט מיט געוויין... עס דוכט זיך עפּעס אוים די קינדער, אַז — באַשעלע גייט דאָ דערציילן דאָס מעשה׳לע פון זיי אַליין, פון איטלעכם קינד באַזונדער...

— גלויבט מיר... אַ גוט אינגעלע געווען. ער האָט ליב געהאַט טאַטע־מאַמע — אוי, האָט ער זיי געליבט! און זיי אים — אַ וודאי (אַוואַדע); אים נאָכגעגיבן אַלצדינג, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט...

— אָבער ער איז געווען אַ גרויסער שטיפער, יענץ קינד — האָט באַשעלע, אַן ערנסטע, דערציילט ווייטער — נישט געוואָלט פאָלגן טאַטע־מאַמע; טאָן, וואָס זיי הייסן אים — פאַר זיין גוטס־וועגן!...

— האָט דער טאַטע אים פאַרזאָגט, און די מאַמע האָט זיך בּאַ אים געבעטן:

„— גיי נישט אום איבער די גאַסן, מיין זים קינד...

דאָרט ווען דיך פּאַקן שלעכטע חברים; דיך אַף קיין גוטן וועג נישט פירן!..." —,

— האָט ער, יענץ קינד, זיי נישט געפאָלגט; נישט גע־הערט די גוטע רייד פון טאַטע־מאַמע; נישט רחמנות (ראַכ־מאָנעס) געהאַט אַף זיין טרייער מוטער, וואָס האָט אַזויפיל זיך באַ אים צעבעטן און געוויינט איבער אים... ער, דער נאַר, האָט דאָס אַלצדינג נישט פאַרשטאַנען. און ער איז יאָ גע־גאַנגען איבער די גאַסן. טאָג ווי נאַכט, זיך אומגעשלעפּט מיט שלעכטע קינדער; און זיי — א י ם האָבן גאָרנישט גע־לערנט קיין גוטס!...

באַשעלע האָט זיך אַביסל אָנגעבויגן אין פאָרויס, נעענ־טער צו די קינדער. זי האָט געקוקט צו זיי, ערנסט שטרענג. זי האָט אויפגעהויבן איר האַנט און גערעדט געשטראָפּט...

— זיי, די ווילדע אינגלעך פון גאַס, האָבן אים געהייסן גנב'ענען (גאַנווענען) זאַכן פון דער היים; אַ פ י ל ו (אַ פ י ל ע) ג ע ל ט, באַ זיינע אָרעמע טאַטע־מאַמע — און אַרויסברענגען אַלץ צו זיי, אין דרויסן... אָ, זיי האָבן שוין געוואָרט אַף אים, באַ דער טיר. באַ אים אַלץ צוגענו־מען און אַוועק קויפן נאַשערייען; זיך אָנפרעסן און אויס־שפייען... זיי האָבן אים אויך געגיבן אַ לעק; און באַפוילן אים, דעם נאַר, גיין ברענגען נאָך — אַנישט, — וועט מען אים שלאָגן!... — און ער, דער נאַר, האָט געוויינט; און ער איז געגאַנגען נאָכאַמאָל... עס האָט אים שוין גוט באַנג־גע־טאָן דאָס, וואָס ער טוט. נאָר ער האָט מורא־געקראָגן (מוי־

רע) פאַר די ווילדע יונגען און פאַר זייערע קלעפּ! זיי האָבן אים אַזוי שטאַרק געשלאָגן!...

— ביז די מאַמע און דער טאַטע האָבן זיך געכאַפּט, אַז עס פעלן זאַכן פון שטוב... עס פעלט אַלעמאָל געלט... וואָס זאָל עס זיין?!

— אַז מע האָט אים, דעם פאַרפירטן אינגל, איינמאָל גע־פּאַקט בײַ דער האַנט, — האָט ער זיך צעוויינט, הויך אויפן קול (קאָל); מע האָט אים גאָרנישט געקאָנט איינגעמען... די מאַמע איז געשטאַנען איבער אים און אַליין געווישט די טרערן...

„— זאָג, מיין זיס קינד, וואָס פעלט דיר דען בײַ אונז? מיר וועלן דיר גיבן אַלץ, וואָס דו ווערסט וועלן... נאָר זע, גיי נישט מער אין גאַס, צו די שלעכטע יונגען — זאָגסטו צו?..."

— אויך דער טאַטע איז געשטאַנען לעבן דער מאַמען. ער איז געווען אַזוי ערנסט, אַזוי טרויעריק אויפן פּנים (פּאָנעם); און ער האָט געשוויגן...

— דאָס אינגל האָט גאָרנישט געענטפערט. ווייזט אויס, אַז עס איז אים געווען שווער צו רעדן, דעם אומגליקלעכן קינד; ווייל ער האָט אַליין אויך געגונג געליטן, ווען ער האָט צוגעזען, וויאַזוי די מאַמע וויינט, און ער, דער טאַטע, איז אַזוי טרויעריק... און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט, דאָס אינגל. ער האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט, — אַזוי האָט ער זיך געשעמט צו קוקן טאַטע־מאַמע אין די אויגן אַריין. איצט האָט ער חרטה (כאַראָטע) געהאַט פונעם גאַנצן האַרצן, פאַרוואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט אַזויפיל ווײ־

טיק — זיין טייערער מאַמען; און דעם גוטן טאַטן, וועלכער האָט אים קיינמאָל נישט אָנגערירט מיט קיין פינגער, און שטענדיק אים געבראַכט מתנות (מאַטאָנעס) אַהיים... ליגנ־דיק אַזוי, מיטן קאָפּ אױף דער האַנט, — האָט דאָס קינד גע־שוואוירן, פאַר זיך אַליין, אין דער שטיל, אַז — ער וועט מער נישט גיין אין גאַס אַריין, צו זיי, זיינע שלעכטע חברים — מער קיינמאָל נישט!

— איז אַוועק אַ וואָך — און עס איז געווען גוט און פיין. דאָס קינד איז מער נישט געגאַנגען אין דרויסן... טאַ־טע־מאַמע האָבן זיך געפריידט, אַפן קינד קוקנדיק. זיי זע־נען געווען זיכער ביידע, אַז ער, זייער טייער קינד, האָט שוין אַלץ פאַרגעסן. זיי האָבן אים געהאַלזט און געקושט. דער טאַטע, אַ פריילעכער, האָט אים צוגעזאָגט, אַז — צו זיין גע־בורטסטאָג, נאָר אינגיכן, זאָל ער זיך ריכטן אױף אַ שיינער מתנה!

— נאָר ער, דאָס אינגל, איז נישט געווען גליקלעך מער... אַז עס זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג, — האָט אים גענו־מען ציען ווידעראַמאָל אױף דער גאַס, צו זיי, די שלעכטע... איר געדענקט דאָך שוין, קינדער, וויאַזוי עס גייט אַריין אַ וואָרעם אין האַרץ אַריין, ווי אין אַ שיין עפּעלע, און וויל פון דאָרט מער נישט אַרויס; וואו ער פאַר'מיאוס'ט (פאַר־מיעסט) אַלץ פונינעווייניק. אין יענעם אומגליקלעכן אינגל איז דער מיאוסער וואָרעם, אַ וודאי, שוין געווען פאַרקראָכן צו־טיף... ער האָט זיך געראַנגלט. ער האָט אַזויפיל געליטן,

דאָס קינד... אָבער ער איז געווען שוואַך קעגן דער שלעכטער געוואוינשאַפט; גאָרנישט געקאָנט העלפן...

— אַז די זאַכן פון שטוב האָבן באַניים גענומען פעלן, און טאַטע־מאַמע האָבן דערזען — ס׳איז שלעכט, — האָבן זיי ביידע, אין יענער נאַכט, נישט צוגעטאָן קיין אויג. די מאַמע האָט געגאָסן טייכן טרערן. נאָר דער טאַטע האָט איר איינגענומען, גערעדט אין דער שטיל:

„— מיט קיין טרערן וועט מען דאָ נישט העלפן. מע דאַרף ראַטעווען דאָס קינד — איידער עס ווערט צו־שפּעט. מאָרגן פיר איך אים אַוועק אין אַ פאַרמאַכטער שול!...״

באשעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ רגע (אַ רעגע). זי האָט גוט געזען, וויאַזוי די קינדער אין קלאַס האַלטן זיך קוים איין, נישט צו וויינען. איר קול האָט געציטערט, אַז זי האָט גענומען דערציילן ווייטער:

— אויפן אַנדערן טאָג, איז געווען אַזאַ קלאָג אין יענער שטוב, אַזאַ בראָך! שטעלט אייך פאָר אַליין, קינדער, וויאַזוי דער טאַטע האָט דער מאַמען פאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדער צימער, אַז זי זאָל אים נישט שטערן; און זי, די עלנטע מוטער, האָט אַזוי געשריגן און געקלאַפּט מיט ביידע הענט אין דער פאַרשלאָסענער טיר... ער, דער אומגליקלעכער טאַטע, האָט דאָס אַלץ געמוזט אויסהערן, פאַרבייסן די ליפּן, אַליין זיך איינהאַלטן מיט אַלע כוחות (קויכעס), אַז ער זאָל זיך נישט צעשרייען פּלוצים אינדערמיט, פאַר גרויס האַרצווייטיק... אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און געגאַנגען אויפוועקן דאָס קינד...

— ער האָט אים אַוועקגעפירט, מיט געוואַלד, אין ער־געץ ווייט, אין דער פּאַרמאַכטער שול. ער האָט אים דאָרט געלאָזן אַליין, צווישן ווילד־פרעמדע מענטשן. דערנאָך איז ער צוריקגעקומען, דער טאַטע, אַהיים...

— נאָר דאָס קינד, דאָרט אין דער פּאַרמאַכטער שול, האָט נישט געקאָנט בלייבן קיין איין מינוט אַפילו. ער איז געוואָרן ווילד. ער האָט נישט צוגעלאָזט קיינעם צו זיך. ער האָט געריסן און געביסן יעדן, ווער עס האָט אים נאָר גע־וואָלט אָנרירן. געקאָפּעט מיט די פיס דעם, ווער עס האָט נאָר געפּרואווט צוגיין פון דער נאָענט. ער האָט געשריגן, נישט מיט זיין קול — מע זאָל אים לאָזן גיין אַהיים, צו זיין מאַמען, צו זיין טאַטן! — ער וועט מער נישט ווײ־טאָן זיי קיינמאָל! קיינמאָל!

— און שפּעט באַדערנאַכט; ווען אַלע וועכטער פון דער פּאַרמאַכטער שול זענען שוין געשלאָפן, — האָט ער, דאָס קינד, זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט... ער האָט זיך געשאַרט אין דער פינצטער, נישט אָנצומאַכן קיין טומל — נישט אויפצוואַוועקן, חלילה (כאָלילע), קיינעם... ביז ער איז געווען אַף דער גאַס...

— אָ, ווי שלעכט, ווי פינצטער און בייז די גאַס האָט אים איצט באַגעגנט! ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין צו גיין. געווען אַ פרעמדער דאָ — איינער אַליין, אינמיטן דער נאַכט!

— ער האָט גענומען לויפן אין אַלע זייטן, בלאָנזשען, אַרויסקומען צוריק אַפן אייגענעם אָרט. ער איז געפאַלן,

נישט איינמאָל, זיך צעשלאָגן די קני, דאָס פּנים; זיך אויפֿ־געהויבן, באַלד געלאָפֿן ווייטער. ער האָט אַזויווי נישט גע־פילט דעם ווייטיק פֿון די צעשלאָגענע ערטער אַף זיין גוף. ער האָט געפּרוּאווט ווײנען, אַ כליפּע־טאָן נישט איינמאָל, און נישט געקענט — אַזוי אָפּגעשטאַרבן איז געווען אין אים דאָס האַרץ, פֿאַר שרעק — טאָמער כאַפּט מען זיך דאָרט, אַז ער איז אַוועק, און מע יאָגט אים אַצינד נאָך... — אָ, וואָס ווייטער אַוועק פֿון דאָרט! — אַהיים! אַהיים!...

— און שפּעטער, אַסאַך שפּעטער באַנאַכט; איז ער אָנ־געקומען, דאָס אומגליקלעכע קינד, אָפּגעריסן און צעביילט, צו זיין היים. ער האָט דערזען, נאָך פֿונווייטן, אין פֿענצטער אַ שיין. זיין האַרץ האָט אויפֿגעלעבט מיט פֿרייד, האָפֿע־נונג... „זיי שלאָפֿן נישט, זיין מאַמע, און דער טאַטע... זיי בענקען צו אים... אָ, זיי האָבן אים נישט אויפֿגעהערט ליב צו האָבן!... אַזויווי ער — זיי... באַלד וועט ער זיי זען... באַלד..."

— נאָר דער טויער פֿונעם הויף איז געווען צוגעשלאָסן...
-- קלאַפּן, קלינגען מיטן גלעקל?... — האָט ער פֿלוצטהאַלבן מורא באַקומען — טאָמער עפֿענען זיי אים נישט! מע האָט אים פֿיינט באַקומען אַף אייביק — אַזויווי נישט זייער קינד מער! — דאָ הינטערן טויער, וועלן זיי אים לאָזן אויסגיין, פֿאַר שרעק!

— ...נאָר — ער, פֿריער, מוז זיי זען! כאָטש איינמאָל
-- כאָטש נאָך איינמאָל!...

— אַנטקעגן, האָט זיך געבויעט אַ ניי הויז. ער איז,

ווייל מאָל, געווען דאָרט, זיך געשפּילט אין זאַמד, געקראָכן צו די אַרבעטער אַף דער אויבערשטער רישטאָוואַניע, גע־וואוסט וויאַזוי מע קומט צו אַהינצו... ער איז באַלד געווען דאָרט אינעווייניק. זיך אַרויפגעדראַפּעט אינדערשטיל — ער זאָל דעם וועכטער נישט צעוועקן — ביז אַרויפצו... דאָס האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבן שלאָגן שרעקלעך, אַז ער איז שוין געשטאַנען פונויבן, אַף דער רישטאָוואַניע... גענומען פון דאָרט אַריבערקוקן צו זיין היים... צו יענעם פענצטער, וואו עס האָט זיך געלויכטן די שיין...

— ...ער האָט זיך אַריבערגעבויגן... ער האָט זיך גוט איינגעקוקט, דורך דער נאַכט־פינצטערניש, צו יענער שיין... און ער האָט זיי דערזען פונווייטן... נאָר אים האָט זיך איצט אויסגעדוכט, אַז — פונדערנאָענט, בלויז מיט דער האַנט זיי דערלאַנגען... זיי זענען געזעסן באַם טיש ביידע, מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ... נישט געגאַנגען שלאָפן אין בעט... אַזוי אָפּגעזעסן די גאַנצינקע נאַכט... ווע־מען האָבן זיי אויסגעקוקט — אים?!

„— מאַמעלע! טאַטע!...”

— און דער גאַנצער ווייטיק פונעם טאָג האָט אים צוגע־דריקט צום האַרץ. ער האָט זיך צעקלאָגט אַפן קול. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו זיינע טייערע... זיך אַ ציי געטאָן צו זיי... ער איז געפאַלן גלייך אין די אָרעמס צו זיינע האַר־ציקע, זיינע גוטע טאַטע־מאַמע... ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן גלייך, באַ זיי אַפן שויס... אָ, ער האָט שוין נישט געליטן מער, דער אומגליקלעכער!...

ב אַ ש ע ל ע

באַשעלע האָט געענדיקט, אַליין מיט אַ שלוכץ. אין קלאַס איז געהאַנגען אַ יאָמער... קיינער האָט נישט באַמערקט, ווען דער לערער איז אָנגעקומען. ער איז געבליבן אַף דער שוועל, אַ פאַרציטערטער. ער האָט געהערט, געזען, און... זיך נישט דערוועגט אַריינגיין אינעווייניק...



# באַשעלעס טאַטע שטרייקט

די עלף־יאָריקע באַשעלע איז היינט געקומען צוגיין אין שול — אַנדערש ווי תמיד (טאָמעד). זי איז אַריין — אַזוי שטיל און אָפּגעלאָזן. זי איז גלייך אַוועק צו איר באַנק; געבליבן זיצן, אַ טרויעריקע, אַזוי בלייך אַפן פנים (פּאָנעם)...

די קינדער האָבן איר באַלד נישט דערקאַנט — אַזוי שלעכט האָט זי אויסגעזען; זיך געביטן, פון נעכטן ביז היינט... ווי האַלב מענטש איז פון דעם קינד געוואָרן...

— וואָס האָט מיט אונזער באַשעלען פּאַסירט?!.

האָבן געפרעגט אַלע אירע חברים (כאַווײרים) און חבר'טעס; גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל; נאָר עפּעס מורא־געקראָגן (מוירע) איצט צוצוגיין צו איר פונדערנאָענט, געוואוירע־ווערן...

עס איז נאָך געווען פאַרפרי. דער לערער איז נאָך נישט געהאַט געקומען. איינקע קינדער האָבן נאָך געפעלט; צווישן זיי — ביילע.

מיטאַמאָל איז דער לערער אַריינגעקומען, אַ ערנסטער אַפן פנים (פּאָנעם), און געפירט ביילען פאַר דער האַנט. זי איז געווען פאַרוויינט, אַזוי דערשלאָגן... געבליבן שטיין בא דער טיר, נישט געוואָלט גיין ווייטער...

נאָר דער לערער האָט איר איינגענומען מיט גוטע רייד,

איר געגלעט איבערן קאָפּ, געפּרואווט באַרואיקן... זי האָט באַניים זיך צעכליפּעט — אַז אַלע קינדער אין קלאַס האָבן זיך דערשראָקן — און זי האָט שוין געלאָזן דעם לערער אַצינד איר צופירן צו איר באַנק, וואו זי איז תמיד געזעסן צוזאַמען מיט באַשעלען. דער לערער האָט איר אַוועקגעזעצט אַף איר אָרט; זיך פאַרהאַלטן, אַ רגע (רעגע)...

— אַ יאָ, באַשעלע... איר האָט אייך ליב, ווי שטענדיק?...

באַשעלע האָט אויפגעהויבן צום לערער די אויגן. ער האָט אויסגעקוקט אַזוי טרויעריק, און גוט... איר טייערער געטרייער לערער!...

ער איז אַוועק צו זיין טישל, פאַר די בענק, אָנגעהויבן די לעקציע...

נאָר די קינדער אין קלאַס האָבן נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט זיי. נישט געהערט אַ וואָרט, וואָס דער לערער האָט גערעדט... אַלע ווילע, געכאַפּט אַ קוק צו דער באַנק, וואו באַשעלע מיט ביילען זענען געזעסן, ווי אָפּגעזונדערט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ... אַזוי פאַרטרויערט — אַזוי... וואָס זאָל עס זיין?!

אַף דער פּויזע, זענען די קינדער, ווי אָן חשק (כיישעק), אַרויס אין הויף. באַשעלע און ביילע האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. אַזוי זענען זיי פאַרבליבן ביידע זיצן, ווי פאַרגליווערט; און קיינס פון די קינדער האָט זיך נישט דערוועגט זיי צו שטערן...

אָבער אינדרויסן, בײַ דעם פאַרקאַן פון הויף, האָט גע-

וואַרט לייבקען. ער איז היינט נישט געקומען אין שול. ער האָט איצט געבראַכט די בשורה (בסורע), אַז — זיין טאַטע און אויך באַשעלעס שטרייקן... זיי אַרבעטן ביידע באַ ביי־לעס טאַטן, אַף דער מעבל־פאַבריק... זיין טאַטע, לייבקעס, זאָגט, אַז — זיי האָבן נישט אַף צו עסן... נאָך אַסאַך אַנדע־רע שטרייקן — ווילן נישט אַרבעטן פאַר אומזיסט... נעכטן באַטאָג; האָט ביילעס טאַטע — דער שלעכטער מענטש! — געשיקט פאָליציי, און מע האָט פאַרנומען באַשעלעס טאַטן אין טורמע אַריין... זיי האָבן אים געכאַפּט אינמיטן גאַס. האָ־בן זיי אים אַריינגעזעצט אין אַ קאָטש און אַוועקגעפירט... שפּעטער, אַז ביילע איז געקומען צו באַשעלען זיך שפּילן, — האָט איר די מאַמע אַרויסגעטריבן, און ביילע איז אַנט־לאָפן אַהיים צו זיך, מיט אַ געוויין...

לייבקע האָט דאָס אַלץ אויסגעפּלאַצט פאַראַמאָל, און ער איז אַוועק — איידער דער לערער וועט אים זען!

באַלד האָט דער גלאָק גערופן צוריק אין קלאַס. נאָר פון קיין לערנען האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד היינט. די קינדער האָבן זיך אָנגעהערט דאָס אַלץ, און זיי זענען גע־בליבן צערודערט. נישט אַלע — די קלענערע, אַ וודאי (אַ־וואַדע) — האָבן רעכט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען. גע־וואוסט האָט מען יאָ, אַז — ...ביילעס טאַטע האָט געשלאָגן באַשעלעס. אַז, נעכטן באַנאַכט, איז באַשעלעס טאַטע נישט געקומען אַהיים שלאָפן. די מאַמע האָט, אַ גאַנצע נאַכט, גע־וויינט; און — אונזער באַשעלע, די טייערע, די גוטע, האָט מיטגעוויינט... נאָר ווען ביילעס טאַטע וויל, — אַזוי קאָן

באַשעלעס טאַטע גלייך קומען אַהיים... אָבער וואָס איז ביי־לע שולדיק?

— זי קאָן בעטן באַ איר טאַטן. אים זאָגן, אַז זי האָט באַשעלען אַזוי ליב!

— ער וועט נישט וועלן. ער איז אַ שלעכטער.

—וועלן מיר אַלע באַ אים בעטן. אונזער באַשעלען האָבן אַלע קינדער ליב!

— ער וועט נישט וועלן. ער איז אַ שלעכטער.

— וועלן מיר זאָגן אונזערע טאַטע־מאַמע — ז יי זאָלן גיין בעטן פאַר באַשעלעס טאַטן, ער זאָל אים אָפּלאָזן באַלד אַהיים!

— אַלע זאָלן גיין בעטן פאַראַמאַל!

— און אַז זיי וועלן נישט וועלן גיין?

— וועלן מיר נישט אַהיימגיין, קינדער. דאָ וועלן מיר בלייבן אין שול, איניינעם מיט אונזער באַשעלען, און ביילען — ביז וואַנען איר טאַטע וועט נישט לאָזן באַשעלעס טאַטן אַהיימגיין!...

— לערער!

אַלע קינדער האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער, צע־שטורעמטע; אַרומגערינגלט דעם לערער.

— וואָס איז, קינדער טייערע?

— מיר גייען היינט נישט אַהיים. מיר וועלן דאָ בלייבן, אין שול, מיט אייך, און מיט באַשעלען, און מיט ביילען, אַלע איניינעם... אונזער שול איז אונזער היים — אַ יאָ, לערער?...

און אַלע האָבן אויפגעזונגען דעם שול־הימן:

...אונזער שול איז אונזער היים,
און מיר זענען קינדערלעך.
נעמט באַ אונז די שול נישט צו,
ווייל מיר בלייבן אָן אַ היים...

אין דעם, זענען געקומען צוגיין די מאַמעס און אויך עלטערע שוועסטער און ברידער, אהיימצונעמען די קינדער.

נאָר זיי, די קליינע, האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אַהיים.

עס האָט זיך אַריינגעמישט דער לערער, געגיבן די קינ־דער געדעכט.

— מירן נישט אַהיימגיין קיינס, ביז באַשעלעם טאַטע וועט נישט קומען אַהיים.

— אויך ביילע וועט בלייבן מיט אונז אין שול. זי איז אַ גוטע חבר'טע. וואָס איז זי שולדיק?

...אונזער שול — צו אַ גאָרטן גלייך,
און מיר זענען בלימעלעך.
נעמט באַ אונז די שול נישט צו,
ווייל מיר בלייבן אָן אַ זון...

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אַלע טאַטעס און מאַמעס זענען געווען אַרום דער שול. מע האָט זיך געהיצט, געליאַרעמט. עס איז זיי אַלעמען געפעלן דער גוטער איינפאַל פון זייערע קינדער. זיי זענען געווען שטאָלץ אָף דעם.

נאָר איין באַשעלעס טאַטע האָט געפעלט... די מאַמע איז געזעסן דאָ, לעבן קינד בײַ דער האַנט, איר געהאַלטן אַרומ־גענומען און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. געהאַט פאַר־ביסן די ליפּן און געשוויגן. בלויז אירע אויגן האָבן געקוקט אַזוי שרעקלעך, אַזוי שטרענג!...

אויך ביילעס מאַמע איז געקומען. געזען, וואָס דאָ טוט זיך, איז זי שוין פאַרבליבן מיטן קינד. נישט געוואָלט אַהיים־גיין אַליין... אַלע האָבן איר געקאָנט פאַר אַ גוטער, פאַר אַ שטילער פרוי. געוואוסט, אַז זי איז גאָרנישט שולדיק.

— קומט, וואָס שטייען מיר?

— לאָמיר גיין באַפרייען באַשעלעס טאַטן!

— מירן גיין אַלע אינאיינעם!

— וואָס — עס איז הפקר (העפקער) אַ וועלט?!

אַזוי האָבן גערעדט די עלטערע מענטשן. דער עולם (אוילעם) האָט גערירט. מע איז אַוועק...

אין שול איז פּאַראַמאָל געוואָרן שטיל. דער לערער. די קינדער — קיינער האָט נישט גערעדט מער. אַלע האָבן אויסגעקוקט, געוואַרט...

און עס איז נישט געווען אַף לאַנג.

באַלד האָט זיך דערטראָגן פונווייטן אַ פריילעכער טומל. געוואָרן נעענטער, שטאַרקער. דאָס זענען איצט געגאַנגען די טאַטעס און מאַמעס צוריק. בײַ אַלע האָבן די פּנים׳ער (פּעני־מער) געלויכטן פאַר גליק, ווייל זיי האָבן געפירט באַשעלעס טאַטן, אַ באַפרייטן, אינדערמיט!

זיי אַנטקעגן זענען אַרויסגעלאָפן אַלע קינדער פון שול,

און אויך די עלטערע. עס זענען דאָ געווען באַשעלע מיט דער מאַמען, ביילע מיט דער מאַמען, און דער לערער. עס האָט געפעלט בלויז דער מעבל־פאַבריקאַנט; נאָר ווער דאַרף אים האָבן?

באַשעלע, די גרויסע מויד, האָט זיך נישט געשעמט. דאָ, אינמיטן דער גאַס, פאַר אַ גאַנצער שטאָט מיט מענטשן אין די אויגן, איז זי אַרויפגעשפּרונגען צום טאַטן אָף די הענט, אים געקושט, צוגעפאַלן צו זיין פּנים, געלאַכט און געוויינט פאַראַמאַל...

אַלע קינדער האָבן זיך פאַרמישט צוזאַמען מיט די על־טערן; געגאַנגען אַהיים און גזזונגען...

...טאַטעס־מאַמעס — איידל־פיין,
שיקט אין שול די קינדערלעך,
לערנען, ווי אַ מענטש צו זיין
און צו ליבן אַלע גלייך...

סוף.



